אין 1924 האָט זיך די פּאָעמע „חזיונות“ געדרוקט (אין ריטמישער פּראָזע, די ערשטע פאָרם) אין „די פרייע ארבעטער שטימע“, נ. י. אין 1926 האָט דער פארלאג Syndikalist דידאָזיקע פּאָעמע (אין דער זעלבער פאָרם) ארויסגעגעבן אין דייטש אונטערן נאָמען "Daemonen Des Blutes". אין 1928 איז די פּאָעמע (אין פרייען פערז) ארויסגעגעבן געוואָרן פון פאַרלאַג Marx und Horodisch א. ג. "Gesichte" דאָס בוך, מיט נאָך אַנדערע מיינע ביכער אין דייטש, האָט די היטלער־רעגירונג פארברענט אין 1933 אין בערלין אויפן אָפּערנפּלאַץ צוזאַמען מיט טויזנטער און טויזנטער גייסטיקע ווערק.

די „חזיונות“, צום ערשטן מאָל אין בוך (אין אריגינאַל) איז שטארק איבערגעארבעט.



פאַרלאַג א. א. בידערמאַן
BIDERMAN'S BOOK STORE
184 Second Avenue
New York, N. Y.

255

פאָזי־שאולזאָן פרעס, 19 וועסט 21טע גאַס, ניו־יאָרק, נ. י.

# דעם קעמפער פאַר אַ שענערער און געגערעכטערער וועלט

די ווייגעשרייען פון מיין צעוויטאַקטער נשמה
און די פיין פון דער גאַנצער בלוטנדיקער מענטשהייט
ברענג איך דיר מיין פריינט אַ מתנה.

פון דיין קינדהייט אָן
האָסט פאַרבונדן דיין גורל מיט אַלע וואָס ליידן;
האָסט דיך געשטעלט אין זייערע רייען,
זיי אין קאַמף צו באַפרייען.

האָסט קלאָר געמאכט מיין וועג און געשטאַרקט מיין גלויבן.
איך וועל העלפן דיר וועקן די שקלאַפן,
זיי פירן צום קאַמף אין די רייען,
די וועלט צו באַפרייען.

# פראָלאָג

I

אַ פינצטערע נאַכט.
דער הימל מיט וואָלקן באַדעקט.
די וועלט שוואַרצער פּחד שרעקט.

אוריאל, אַן אָרימער קלויזניק, אַ זון פון ישעיה,
האָט געזען אַ חלום: שלאַנגען,
אין אַ קנויל פאַרפלאָכטן,
קורצע און לאַנגע,
דינע און דיקע,
שליימיקע און גליטשיקע —
גיפטיקע.

און פאַרשידן,
פון אַלערליי קאָלירן:
ווייסע און ברוינע,
מיט נאָך אַנדערע פאַרבן
און אויך אָן קאָלירן.

און אויף לשונות אַ סך האָבן די שלאַנגען גערעדט:
געצישעט,
געשיפּעט,
געשמייכלט
און די ציין געשטשירעט.

אַ חלום אין מיטן נאַכט,
פינצטערנישס בייזע מאַכט.

נאָר די ערגסטע איז געווען די ווייסע וואַסערשלאַנג:
איידל און פיין;
זי האָט געשפּאָט
און איז ערנסט געווען.
די אויגן צום הימל פאַרגלאָצט —
האָבן פרום אירע גלאַטיקע ווערטער
געשפּרייט נעצן אין אַלע ערטער.

און פּלוצים אַ שׂרפֿה!
ס׳קלינגען גלאָקן.
מענטשן לויפן דערשראָקן.

פון קירכן קומען גלחים
מיט געלע ליכט, נאָר ס׳פייער איז שוואַרץ,
ווי זייערע קאַפּאָטעס, ווי זייער האַרץ.
און אין אַ כשופֿראָד,
טריט נאָך טריט און שפּאַן נאָך שפּאַן,
איינער הינטער אַנדערן מיט פייערפאַן —
בויגן זיי און בוקן זיך אַצינדער
צו די שׂרפֿה־צינדער.

אַזוי קרייציקן די פריסטער
זייער האַר און געביטער.

נאָנעס אין שוואַרצע טיכער,
די פּנימער ווייס באַרעמטע —
פירן וועלט צו קבֿורה
און זינגען שירה.

II

דאָס צווייטע מאָל האָט געחלומט דער קלויזניק:
פון שטעט און פון דערפער —

אַנטלאָפן פון ברענעדיקע פלאַמען,
פון צעשטערונג און פאַרוויסטונג —
זיינען מענטשן געקומען.
און צווישן זיי איינער,
אַ נביא פון אַ טאָל מיט מענטשישע ביינער
און ער רופט: „דער אמת: ווי אַ פייערדיקער פאַקל
גייט אויף פון פאַרגאָסענעם בלוט —
גאָטס שטראָפנדיקע רוט!"

אַלע לויפן צוריק,
לעשן די פלאַמען פון קריג,
צעטרעטן די גיפטיקע שלאַנגען, טרייבן די פּריסטער פון ראָד,
וואָס האָבן געשענדט דאָס וואָרט פון גאָט.
און פּלוצים גאָר —
שוין געקרייציקט איז די נייע וואָר! —
איצט שחט איין ברודער דעם צווייטן, און אַ שרפה,
אַ נייע —
שטייגט הונדערט מאָל איבער די ערשטע!

עס בעט דער זון פון ישעיה:
„גאָט פון אייביקייט! האָר אין יעדער צייט!"

און פאַרנעמען טוט דער קלויזניק גאָטס רייד:
„דיך וואָלט איך פאַר מיין נביא געוויילט,
אָנצוזאָגן דער ערד איר בראָך
און די מענטשן — די קלאָג, וואָס איז שוין נישט ווייט.
נאָר דו ביסט נישט ראוי
מיין שליחות צו טאָן."

אַ ווילד געלעכטער: „כאַ־כאַ־כאַ!...
די וועלט ברענט
פון ענד צו ענד!
איצט איז אין אונדזערע הענט: הימל, ערד, ים און פלאַנץ;

דער מענטש, גאָט, זיין רום און גלאַנץ.
אשמדאי איז איצט קעניג און לילית זיין שכינה!
צו דער סטרא אחרא
וועלן די מלאכים זייער שירה איצט זינגען!"

„בום... בום... בום"...
ס'קלינגען די גלאָקן:
„אָרום און אָרום
זאָלן אַלע זיין שטום."

„מאַמע!" האָט אוריאל אין שרעק
זיין מוטער געוועקט.

און שטיל האָט די טיר זיך געעפנט.
אין אַ ווייס העמד איז אריינגעקומען די מוטער,
זי האָט זיך געשטעלט פאַרן זונס בעט
און נישט גערעדט.

„מאַמע!" האָט דער זון דערציילן גענומען.
„ס'איז צו מיר גאָטס גייסט געקומען.
צוויי זעאונגען האָב איך געזען,
אין חלום איזס געשען.
ביידע מאָל אומגליק, וויי און ווינד! —
שרעקלעכע שטראָף פאַר גרויסע זינד.

גוט, מאַמע; האָסט געמאַכט ליכטיק.
ריכטיק, ריכטיק.
איך האָב תמיד ליב געהאַט ליכט,
געוואָלט וויסן אַלץ וואָס ס'איז אַמאָל געשען,
דאָס סודותדיקסטע באַגרייפן,
דאָס וויטסטע דערזען."

אָן אַ וואָרט איז די מוטער אַרויס.
פאַרלאָשן איז ס׳ליכט, עס שלאָפט ס׳הויז.
שוואַרץ איז דער הימל, באַדעקט מיט וואָלקן.
און פּלוצים האָט אַ בליץ אים צעשפּאָלטן.
אַ דונער נאָך אַ דונער קראַכט.
גאָט ווייזט זיין מאַכט.
אַ בוים אינדרויסן, אַ ריז —
צעשמעטערט איז.

אין פּחד פרעגט אוריאל: „רופסט דו מיך, גאָט?
אָדער איז׳ס בייזער שפּאָט?

בייזע רוחות! פאַרשטומט!
פאַרזינקט!

גאָט! איך פאַרלאָז דאָס הויז פון מיין מאַמען
און וויל מיך פאַר דיין נביא.
פיר מיך און ווייז מיר דיין וועג,
באַלויכט מיין שטעג.
און בין איך זינדיק — וועל איך תשובה טאָן.
איך וועל אין שטויב פאַר דיר ליגן,
כ׳וועל קושן דעם זוים פון דיין קלייד,
די טריט פון דיינע פיס.
לייד וועט זיין פאַר מיר פרייד,
ביטערניש זיס.

אָ, רחום וחנון!"

III

ס׳דריטע מאָל האָט דער קלויזניק דערוואַכט.
עס איז מער נישט געווען נאַכט.
ער האָט געעפנט אַ פענצטער. דער הימל — לויטער, בלוי.
אַ ווינטל בלאָזט.

די פעלדער — חנעוודיק, צעבליט.
דער וואַלד גרינט.
די זון גייט אויף, פלייצט מיט גאָלד
און די פייגל זינגען: „האָט אייך האָלט״...

נאָר די מענטשן — צעשראָקענע —
געהערט האָבן נאָכטס פינצטערע בשורה:
„גרייט אייך צו קבורה!״

אַ בהלה.
געשרייען, א יללה.
פון אַלע זייטן —
קומט דער טויט צו רייטן.

עס שאַלן טראָמפּייטן.

ביים קלויזניק עפנט זיך די טיר.
ער בעט:
„מאַמע! קוקסט אַזוי טרויעריק אויף מיר —
רעדט!״

די זון שטייגט אַלץ העכער און העכער,
איבער הייזער, איבער דעכער.
די מענטשן — מיט ווילדע אויגן,
די פּנימער בלאַסע,
די ליפּן ווייסע.
די בערד צעפלאָשעט,
די האָר צעשויבערט —
לויפן מיט ארעמס צעשפּרייטע,
פאַרצווייפלטע,
פאַרוויינטע.

פון דערפער זיינען די פויערן געקומען,
געאיילט אין דער שטאָט
און פאַרנומען:
„אַלע זייט גרייט!
אין קריג גייט!"

עס שרייט דער קלויזניק: שטייט!"

גאָר ווי סטאַדעס שעפסן
געטריבן צום שחט־הויז,
לאָזט קיין וואָרט פון מויל אַרויס.
שטיל... בלויז קרעכצן...
די טאַטעס, די זין —
אַלע גייען אַהין,
אַהין...

עס קלאָגן פרויען און מאַמעס,
שוועסטער און כלות.
ס'קלינגען די גלאָקן: „בום... בום... בום...
אַלע זאָלן בעטן
און שטאַרבן שטום".

גלחים, איינגעהילט אין שוואַרץ,
מיט צלם אויפן האַרץ,
מיט קאַלטן בליק, ס'פּנים פעט און רויט —
בענטשן די מיליאָנען פאַרן טויט;
זיי שיקן די „געהייליקטע" קרבנות
אין גאָטס נאָמען און אין נאָמען פון געקרייציקטן קריסטוס,
אין העלישן בראַנד
פאַר קייסער און פאָטערלאַנד.

קאַלט בליצט דאָס שאַרפע שטאָל
אין מיליאָנען געשטרעקטע הענט
איבער ים, באַרג און טאָל —
צום פאַרלענד.

# מלחמה

## I

אין קלויז, פאַר אָפּענעם ארון קודש,
רופט אָן אוריאל דעם שם המפורש:
„י־ה־ו־ה!
פון מיליאָנען מענטשן
גייט אויף צו דיר אַ געשריי:
גאָט! זע, קוק אַראָפּ און זע! דיין וועלט
שטייט אין פלאַמען און ברענט!
ס'ברענען די דערפער, די שטעט,
די פעלדער און די וועלדער!

שדים־כחות, פינצטערע, מיט מעסערס אין הענט,
האָבן צעריסן, צעשיידט און צעטיילט:
דעם פויער פונם אַקער,
דעם שמיד פונם האַמער,
פון שפּינראָד דעם וועבער,
און דעם תלמיד פון לערער.
פאַרשניטן איז מאַן פון פרוי,
קינדער פון זייערע טאַטעס און מאַמעס,
חתנים פון כלות,
ברודער פון שוועסטער און ברודער פון ברודער.

גאָט!
דאָס געוויין פון דיין וועלט
און דער ווייגעשריי פונם מענטש —
רייסן אויף דיין געצעלט!

שלוכצנדיקע כלה־אָרעמס אַרום חתן פאַרפלאָכטן —
צוויי הערצער אין ליבע פאַראייניקט;
עס וואַרט די חופּה, זייער געגאַרט גליק
און שטאַרק ווי דיין מאַכט, וואָס שאַפט —
איז זייער בענקשאַפט.
נאָר צעשיידט האָט אַשמדאַיס האַנט זיי
און שטיין געבליבן איז אין חלל זייער שריי:
„מיין חתן!" „מיין כלה!"

אויף דער ברוסט פון אַ זון חלשט אַ מאַמע.
קינדער בלייבן אָן טאַטעס.
די קליינע אין די וויגן —
קוקן מיט פרעגנדיקע אויגן.

נאָר די ערד זאַפט איין די טרערן
און די לופט דאָס זיפצן.

גאָט! מיין האַרץ ווערט צעריסן פון פּיין!
און דיינס? — איז עס שטיין? — — —
עס פלאַטערן די תּפילות פון מיליאָנען —
ווייסע טויבן פאַר דיין כּסא הכּבוד.
נאָר אַ מזבח איז דיין וועלט,
און צום גאָלדענעם בעל — פאַר געלט —
ברענגען כּהנים פאַר קרבנות די מענטשן.
און אין די קירכן קלינגען די גלאָקן,
רופן אין קריג
פאַר פאָטערלאַנד און קעניג.
אָ, ווי פאַלש איז דאָס אַלץ! רויבער און מערדער
צווינגען שקלאַפן און קנעכט
פאַרזייערטווען צו מאָרדן און רויבן!

שוואַרץ זיינען הונדערטער וועגן
פון חיל מיט ביקסן און האַרמאַטן.

זיי ציען צו זייערע שרעקלעכע טאַטן
פון בלינדער פאַרניכטונג, צעשטערונג און פאַרוויסטונג.
און דער בלויער הימל זעט די בושה,
די זון באַלויכט די חרפה.
די פייגל זינגען שירה
צו דער מיליאַנענדיקער קבירה.״

II

פעלדער לאַנג און ברייט,
ווייט, ווייט אויסגעשפּרייט.
מיט קאָרן, ווייץ — תבואה אלערליי;
ווײַנשטאָקן, גערטנער און בלומען כלערליי.
די מאַמע־ערד, דעם הימלס ווייב,
האָט אויסגעצירט איר ברוין לייב
מיט די שענסטע פאַרבן
און מיט די טייערסטע ריחות געזאַלבט.
און זי טיילט איר שפע: מענטשן און חיות,
פייגל און ווערים.
נאָר דער מענטש — פאַרשאָלטן! —
האָט אין מחנות צוויי זיך געשפּאָלטן
און אין די געדערים
פון דער ערד גראָבט ער זיך היילן —
אין איר לייב זיך צו שיצן פון קוילן.

די גלחים,
מיט פאַרגלאָצטע אויגן, ווי מלאכים
(איןביידע מחנות)
צינדן פרום אין גאָטס נאָמען די שרפה.
און מיטן צלם אין האַנט
(דער צייכן פון קריסטוס ליבע)
לערנען זיי דעם מענטש —
א, חרפה און שאַנד! —
צו טאָן דאָס פאַרקערטע.

אַלע שרייען „קריג... קריג״...
נאָר דער זון פון ישעיה,
ער אַליין —
קאָן דאָס וואָרט ניט פאַרשטיין.

ער שעלט:
„פאַרפלוכט אין דערדאָזיקער וועלט
זייט פאַרעטער! פאַלשע פריסטער!
משרתים פון רויבער! קנעכט און פאַרניכטער!
דאָך איך ווייס ניט ווער מער איז שולדיק: די מיליאָנען,
וואָס לאָזן ווי שעפסן זיך קוילן
און קוקן שטום דעם טויט אין די אויגן,
און פוילן
ביים לעבן שוין אין די קברים,
וואָס זיי האָבן אליין זיך געמאכט? —
אָדער זיינען שולדיק די,
וועלכע האָבן אין שחט־הויז זיי געבראַכט? — — — —
ער טראַכט
און הערט אַ שטימע פונדערהויך:
„שולדיק זיינען ביידע גלייך!״

ס׳האָבן וואָלקן רויך דעם הימל פאַרשטעלט
און די מענטשן —
אין דער ערד זיך צו שיצן פון טויט —
בלייבן ליגן דאָרט טויט.

דער הימל איז רויט.
קראַך און קראַך!
יעדער שיסער איז וואַך
און ווייסט ניט: שיסט ער זיין פיינט? —
ס׳איז זיין ברודער, זיין פריינט! — — —

אַ פייער־רעגן פון אייזן און בליי
פאַרשווענקט לעבן ריי נאָך ריי.

און פּלוצים אַ באַפעל.
און ווי ווערים, גרין און געל
קריכן די זעלנער פון דער ערד אַרויס
און ווי אַ געיאַגטע מויז
לויפן די „ריזן״
און פאַלן דורכלעכערט פון קוילן, דורכשטאָכן פון שפּיזן.
עס האַקט און שניידט די שאַרפע שווערד.
די געקוילעטע צוקן אין זייער בלוט אויף דער ערד.
„הורא!... הורא!״... ווילדע יללות.
ווי אַ צעברויזטער ים די חילות.
נאָר אַט האָבן צוויי בליקן זיך געטראָפן...
אַ רגע קוקן אָן זיך מענטשן צוויי...
נאָר ס׳שטייט ריי קעגן ריי
און געשריי:
„שטעכן!״
און טויט זיך געפאַלן אין די אָרעמס
זיינען די צוויי.

„ליב דיין חבר ווי דיך״
איז דאָס גרעסטע געבאָט.
דאָך געהייליקט איז מאָרד
און געשענדט איז גאָט.

און ווילדער, אַלץ ווילדער ווערט דער וואַנזין.
אַלע ווילן זיך באַטויבן מיט אייגן געשריי,
ניט צו הערן די שרעקלעכע קולות פון די וואָס ליגן פאַרוואונדעט,
ניט דעם לעצטן „אוי״ פון האַרץ
און ניט פילן דעם אייגענעם וויי.

עס וואַלגערן זיך אָפּגעהאַקטע הענט, אָפּגעריסענע פיס,
פערד באַשפּריצט מיט מענטשיש געהירן,
מילצן און לעבערס פון אויפגעפּליקטע בייכער,

געדערים און נירן.
נאָך וואָרים זיינען געלעכערטע הערצער, און לונגען —
פול נאָך מיט לעבנסעטער.

גיהנום אויף דער ערד
פלאַקערט און ברענט.
פון פייער און שווערד —
אַלץ ווערט פאַרלענדט.

III

אַ פערד, מיט געשפיצטע אויערן,
מיט צעפלאַשעטער גזשיווע און ווילדע אויגן,
לויפט איבער לעבעדיקע מענטשן,
לויפט איבער די, וואָס זיינען שוין טויט;
לויפט...
און דער רייטער —
אונטער די פיס פונם פערד —
קושט די טויטע איבער ד׳ערד...
אַ זילבערנער בליץ...
און אויפן רייטער ליגט ס׳פערד.

אַזוי אַ צווייטער, דריטער, צענטער רייטער.
דער וואַנזין געדויערט אַלץ ווייטער.

העי, רייטער, רייטער מיט בלאַנקער שווערד!
גאַלאָפּ, גאַלאָפּ אויף צעשוימטן פערד
איבער רויטער ערד!

פייגל פליען אין בלויער לופט,
פלאַטערן און זינגען פריילעך־פריי.
טשעריק, טשעריק —

שוין פאַרביי...
טשעריק, טשעריק —
שוין צוריק...

באַלד איז נאַכט.
די זון גייט אונטער.
נאָך שטאַרקער די בייזע מאַכט
פון די צינדער.

דער חלל איז פול מיט געשרייען,
מיט רופן נאָך הילף פון צענדליקער רייען,
מיט קרעכצן און גוסס־געכאָרכלען.
אין יסורים די פאַרוואונדעטע זיך טארליען.

איינער בעט מ׳זאָל זאָגן מיט אים ווידוי.
אַ צווייטער — מיט ציין פאַרקריצטע —
שילט גאָט, די מאַמע, וואָס האָט אים געבוירן,
דעם טאַטן, וואָס האָט אים דערצויגן.

מ׳טראָגט אויף בעטלעך פאַרוואונדעטע:
מענטשן אָן הענט און אָן פיס,
אָן אויגן, מיט נעז שוין פאַרשפיצטע,
מיט שוים אויף די ליפּן — פון גאַזן דערשטיקטע.
פון איינעם רינט גאַל און קויט.
דער בראנדיקער שרייט: ס׳פּנים רויט
ניט צום אויסהאַלטן זיינע יסורים.
די גרעבער גראָבן קברים:
זיי לייגן צו הונדערט אין אַ גרוב, צו צוויי און פינף הונדערט,
און פאַרשיטן ווי פּגרים
די טויטע, מיט די וואָס זיינען בלויז נאָר פאַרוואונדעט.

אַ רחמנות? —
דערלייזט פון צרות.

אַ סך בעטן דעם טויט
און... געפּועלט,
אויפסניי פּלאַקערט ס׳פייער
און ס׳פאַלן אויפן שלאַכטפעלד:
סאַניטאַרן מיט פאַרוואונדעטע אויף בעטלעך,
צוזאַמען מיט קברנים און גריבער.
דערנאָך איז יעדער אַ „העלד”,
מע טיילט מעדאַלן — אַ גאַנץ געֶרודער.

דאָך געראַטעוועט זיך האָבן די גלחים,
וואָס זיינען די געגאַרטע פאַרן שטאַרבן טרייסטן געקומען;
אַנטלאָפן זיינען די הייליקע מלאכים.
אָ, פּחדנים! זיינען פון די קרבנות אַנטרונען.

ווידער דונערן האַרמאַטן,
ווידער פּלאַצן גראַנאַטן,
אין פייער־רעגן לויפן די קריגער,
שטייגן אויף בערג און פאַלן אין גריבער.

ס׳איז אַ רויט געלעכטער: פון בלוט,
פון שריפות ארום און אַרום
און פון דער פאַרגייענדער זון.

## IV

מענטשן מיט שלאַנגישע הערצער, מיט הענט ווי שפּינען,
האָבן גאָלד אין פעסער, אין טינען
געזאַמלט, געשאַרט
— און אַלץ מער נאָך געגאַרט
האָבן ווייט און ברייט
די מלחמה געגרייט.

אַרבעטער האָבן פֿאַבריקן געבויט;
שקלאַפֿן! —
האָבן פֿאַר יענע געשאַפֿן,
וואָס האָבן געגרייט פֿאַר זיי טויט.

אין די פֿאַבריקן אַצינד,
וואו מ'האָט אַקעראַייזנס געשמידט,
אַלערליי מאַשינען צו פֿאַרגרינגערן דאָס מענטשלעכע לעבן —
מאַכט מען כּלי־זין צו פֿאַרניכטן דאָס לעבן.
זקנים, פֿרויען און קינדער,
אַלע, וועלכע מ'האָט אין קריג ניט געשיקט —
אַרבעטן ביי אַמוניציע אַצינדער.
פֿרויען מאַכן קוילן צו שיסן זייערע מענער,
זייערע טאַטעס צו מאָרדן העלפֿן די קינדער.

אַלע מוזן פֿאָלגן; זיינען אין נעץ —
פֿון אַ געץ.
ער צווינגט זיי; מיט זייערע וואָפֿן —
אויב זיי זאָלן ניט פֿאָלגן —
וועט ער זיי שטראָפֿן.

און ס'רוישן די פֿאַבריקן ביי טאָג און ביי נאַכט.
ס'איז מלחמה אויך אין שטאָט,
בלויז אַנדערש די שלאַכט.

די קרעמער האָבן האָוועז, ניוכען ווי הינט ביי אַ יאַטקע.
אַלערליי מעקלער, מיט אויגן ווי שטשורעס,
זיינען אַרויס פֿון די נאָרעס
און גריזשען פֿון די טויטע די ביינער —
פֿון מלחמה־טישן די נדבות.

ס'שפּילט מוזיק.
אַ פֿאַקלצוג: „זיג"!...

נאַריש פינקלען אויגן.
קליינע קעפּלעך שטעלן זיך הויבן:
„כליזמרים, שפּילט!
אונדזער פאָטערלאַנד זיגט!"

און יונגעלייט, כמעט נאָך קינדער,
גייען אין קריג נאָך בלינדער.
די עלטערן זיינען שטאָלץ: „אַ העלד!
גייט פרייוויליק אין פעלד!"

V

ס׳איז נאַכט.
לילית האָט דערוואַכט,
האָט צעעפנט דעם בוזעם און צעפלאַכטן די צעפּ.
און פרויען געטרייע, כלות און געליבטע,
האָבן פאַרלוירן די קעפּ;
זיי פאַראַטן זייערע מענער און חתנים אויפן פעלד.
אַ סך נעמען אויך געלט.

דער טייוול לאַכט: „גוט!...
זנות און בלוט!"...

אַ מאַן ליגט אין די אָרעמס פון אַ זונה.
אַ פרוי אויפן געלעגער פון אַ „שונא".
די טרערן אין די אויגן פון געליבטע,
וואָס זיינען אויף זייערע באַקן גערונען —
שוין אָפּגעווישט זיינען.

איצט וויין!
גיס אריין!
מאָרד און לוסט
אין דער ברוסט.

ס׳בייסט אַ ווייב אַ־אין פלייש פון אַ שיכור: „ליב מיך מיין!״
ער קריצט מיט די ציין:
„הור, שוויג! דאָס שענסטע אין מיר
האָב איך איצט דערמאָרדעט ביי דיר!״
אַ צווייטע שווערט: „כ׳בלייב דיר געטריי.״
ער זינגט: „טריי... טריי... טריי...
מיך בייסן גאָר די פליי...
אַך וויי און וויי און וויי״...

מאָרד און זנות טאָג און נאַכט.
דאָס האָט אשמדאי וואויל געמאַכט.
עס טאַנצן נאַקעטע ווייבער.
עס קנעטן זיך לייבער אין לייבער.
ווי חזרים אין קאָרטעס
נורען צווישן בריסטן זיך מאָרדעס.

נאָר פלוצים האָט אַ ווייס אויג
אריינגעקוקט דורך אַ לאָדן.
אַ קוויטש. גיך האָט די פרוי זיך אָפּגערוקט.
זי קלאָגט: „צו וואָס נאָך לעבן?״ — — —
אַ, ליידן, ליידן אָן אַן עגד!
ביידע האָבן זיך דערקענט...

אשמדאַי לאַכט זיין בלוטיק געלעכטער.
לילית קוועלט פון איר שדישן שפּאָס:
„כאַ־כאַ־כאַ!...
ליבע... האָס...
הוראַ!״... .

## VI

פון לבנה ווייס באַלויכטן די ערד.
פאַרמאַטערטע זעלנער טרייבן פאַרמאַטערטע פערד.
זיי שעלטן: „העטיא! וויא! אַ בראַנד אין אייערע ביינער!״
און וויינען: „א, ברודער מיינער! ברודער מיינער!״

ווי סקעלעטן די מענטשן,
אויסגעדאַרט פון הונגער;
די טויטע איז גרינגער.
פאַרוויסט די פעלדער,
פאַרברענט די שטעט און די דערפער; די מי פון מענטשלעכע הענט
איז אַוועק מיטן רויך. לעבנס מיליאָנען פאַרלענד.
און די, וואָס זיינען לעבן געבליבן —
האָט מען פון די היימען פאַרטריבן.

צו שאַנד און צו שפּאָט
איז גייסט און גאָט.
דאָך, די גלאָקן אין די קירכן
זיי הערן ניט אויף אַלץ ווייטער צו קלינגען:
„בום... צום... בום"...
און רופן: „אומעטום,
פאַר קייסער און פאָטערלאַנד,
פאַרדרייפאַכט דעם בראַנד!"

די נאַכט קילט די וואונדן פון געפייניקטע.
דער הימל איז באַשיט מיט גאָלדענע שטערן.
ווער ס'איז ראוי קאָן הערן
דאָס זינגען פון אַ מלאך: „שלאָף מיין קינד,
שלאָף אין רו;
וויי און ווינד,
ליו, ליו, ליו."

נאַכט, די שוועסטער פון רחמנות
שלעפט איין אין אירע בלויע אָרעמס
די צעווייטאָקטע וועלט און זינגט:
„שלאָף, שלאָף מיין קינד.
אין חלום איז גוט, אין חלום איז רו.
ליו, ליו, ליו."

דער מלאך, מיט ווייסע פליגל אין אַ ווייס קלייד,
שטייט פאַר די אָפענע קברים און באַוויינט
די גרויסע בראַך און דאָס לייד.
מיט ציטערדיקע פינגער אויף זילבערנער האַרף
שפילט דער מלאך אַ טרויער מאַרש, שטיל, שטיל; דאַך, די טענער,
פול מיט שמאַרץ,
ווי מעסער שאַרף,
שניידן טיף אין האַרץ.

שפיל, שפיל, זילבערנע האַרף!
וועק אויף אַלע וואָס לעבן נאָך,
זיי זאָלן זען די בראַך,
זיי זאָלן זען די שרעקלעכע רציחה,
געפלאַנט און דורכגעפירט אין יעדע מלוכה!

אויסגעלאָשן האָבן זיך די שטערן. די לבנה פאַרגייט.
דער מלאך אין אַ שוואַרץ קלייד,
אין טרויער געהילט,
זינגט נאָך שטילער דאָס ליד:
„איי, איי...
ווינד און וויי"...

נאָר אשמדאַי לאַכט: „ביינאַכט? —
נאָך בעסער.
הע,
דאָס גיהנום נאָך גרעסער!"

און צום הימל קאַפויער,
ווי וואולקאַנישע לאַוועס
רייסן אויפסניי זיך די שרפות.

געשפּענצטער פון אייזן, שטאָל און קופּער,
ווי טשאַרעפּאַכעס,
מיט שווערע לאַפּעס;

געפּאַנצערטע דעמאָגען —
קריכן איבער ביימער, איבער גריבער.
און די זעלנער — באַהאַלטן ווי מייז —
ווערן צעקניקט ווי לייז.

דער הימל — רויט.
אויף ערד — טויט.

די וועלדער קוקן פאַרשטומט.
שטיל געוויין.
אָ, פּיין!
אָ, פּיין!

נאָר עס הערט ניט דער הימל, קופּער צעגליטער. אין פינצטערער נאַכט —

פאַרביסן איז די שלאַכט.
גאָט האָט אין צאָרן באַפוילן: „אשמדאי!
פאַרלעש דעם לעצטן שטערן!
איך וויל דאָס וויינען
און די תפילות ניט הערן."

און אין אַ מבול
ווי פאַרצייטנס, נאָר פון אייזן און דינאַמיט,
דערטרינקט דער מענטש אין זיין אייגן בלוט.
מחנות אין העלישע פלאַמען,
לויפן ווי ברענענדיקע שטוקאַצן
קעגן גראַנאַטן וואָס פּלאַצן.
ס׳פלאַקערט די ערד אין רויטן האַס.
און אשמדאי:
„ס׳איז אַ שפּאַס
פון פולווער און בליי"...

און פלוצים איז שטיל געוואָרן...

געשפענסטער,
מיט אַרויסגעזעצטע אויגן און געשפּיצטע אויערן —
שאַרן זיך איינגעבויגן,
טריט נאָך טריט,
איינער נאָכן אַנדערן מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם;
די ביקסן אין די קנאָכיקע הענט —
ציען זיך ווי שלאַנגען איבער קברים און מתים,
טאָפּטשען און כלאָפּטשען אין בלוט.
און פונוויטנס — זיי אַנטקעגן מיט געשאַרפטע מעסערס —
קומען זייערע ברידער.
אַ געררודער...
דערווייל שטיל, ווי אַ רוישן פון בלעטער...
באַלד העכער...
אַ געקלאַפּערײ פון זעלנערישע שטיוול און אײַזן...
און פון טויזנטער העלדזער געשריי:
„ראַ!... ראַ!"...

אַ וואַלד פון שוואַרץ שטאָל אין ווייסע הענט,
רויט אין פלאַם און רויט פון בלוט
הייבט זיך אַרויף און אַראָפּ,
אַרויף און אַראָפּ...

VII

ס'טאָגט. ווי נעכטן און אייערנעכטן גייט אויף די זון
און פלייצט גאָלד, ליכט און לעבן;
זי באַשיינט די געפאַלענע מענטשן און פערד,
צעזייטע איבער פאַרבלוטיקטער ערד.

די זון איז מבשר: „אייביק טו איך גיסן
מיין ליכט;

דאָס איז מיין פליכט
און עס וועט אייביק פליסן!"

גלייך אַן אַנדער קול,
אַ גרויל:
„איך וועל דעם נייעם טאָג
מיט נאָך מער בלוט און שריפות באַגריסן!"

יאָמער און קלאָג.
אין שטאַלן שרייען אימהדיק פערד און קי: „מו... מו"...
און קוקן צו —
ווי ס'דערנענטערן זיך די פלאַמען...

נאָך העכער ווערט דאָס געשריי
פון די פויערן, וואָס שלעפּן די שטילע בעלי חיה
פון די פלאַמען אַרויס.
די קי אָבער, רחמימותדיקע, די אויגן גרויס;
און די פערד, מיט ווייזן בליק —
פרעגן: „צו וואָס? לאָזט אונדז צוריק!
צו וואָס דאָס לעבן און די מי?
בעסער איז אייביקע רו."

און איבער וועלטס גרויסן בית עולם
רופן נאַציאָנען: „יעזוס קריסטוס!
אַלאַ!
רבונו של עולם!"

און איבער פעלדער מיט שטעכיק דראָט, באַזייטע מיט קברים,
דורך שטעט פאַרוויסטע און צעשטערטע —
שלעפּן זיך לעבעדיקע פגרים:
אלמנות, יתומים און זקנים,
קראַנקע און צעבראָכענע,
אינוואַלידן אָן הענט און אָן פיס,

בלינדע — אַלע מיט טאָרבעס באַהאַנגען,
פאַרמשפּטע צום טויט
דורך הונגער און נויט.

נאָר די גלאָקן קלינגען: „בום... בום... בום...
מ׳טאָר ניט פרעגן...
בום... בום... בום...
אין הימל איז לעבן״...

# אין הימל

I

אַליין אין קלויז,
פונקט חצות,
האָט אוריאַל, דער זון פון ישעיה, געבעטן: „גאָט!
דיינע וועלדער, די פרומע שוויַיגער,
האָבן אַ ליד פון שוויַיגן, פון רוישן אַ מזמור,
אַ הלל אָן טענער און תהלים אָן ווערטער
צו דיר אייביק געזונגען.
און די תבואה אויף די פעלדער,
די בלומען און אַלערליי פלאַנצן — דיינע קינדער,
וואָס ס'האָט די ערד דיר געשענקט פון דיין ליבע —
האָט צעטרעטן דער מענטש, פאַרניכטעט.
און די פייגל, די לוים אין דיין היכל —
זיי האָבן דיין נאָמען גרויס געמאַכט אויף בוים און אויף שטיין —
אויך זיי זיינען געפאַלן פון מענטשס האַנט
אין מיטן זייער זינגען.
און דער מענטש —
אָ, גאָט! —
איז ער ניט דאָס ווערק פון דיינע הענט?
דו האָסט אים אין דיין געשטאַלט דאָך געשאַפן,
צום רום איבער דיינע באַשעפענישן אַלע דערהויבן;
האָסט אים חכמה געשענקט,
שיינקייט און טאַלאַנט;
האָסט אים געגעבן דעם חן פון דיינע הימלען,
די שטאַרקייט פון שטורמען,
האַרץ און נשמה;

האָסט אים געלייטזעליקט מיט גייסט
און דיין נאָמען געקריצט אויף זיין שטערן; און אים,
אָ, בורא עולם! —
האָסטו געלאָזט שענדן, רויבן, מאָרדן און צעשטערן!

אָ, גאָט דו האָסט געזינדיקט!

איך וועל ניט רוען, איך וועל ניט אויפהערן דיך רופן,
ביז דו וועסט מיך דערהערן!
דו האָסט ניט געוויילט מיך פאַר דיין נביא,
אָבער אַ האַרץ וואָס בלוטיקט,
א נשמה וואָס וויטיקט,
אויגן, וואָס זען און אויערן, וואָס הערן —
האָסטו מיט דרייפאַכער קראַפט מיר געגעבן!
וועל איך ניט שווייגן,
ביז דו וועסט מיך דערהערן!

גאָט!
איך קאָן מער ניט זען דאָס אייביקע מאָרדן,
דאָס אייביקע רויבן און צעשטערן!
איך קאָן מער ניט הערן
דאָס פאַרצווייפלטע שרייען פון מיליאָנען,
פון אַלמנות — דאָס וויינען,
פון יתומים — דאָס קלאָגן
און פון די פאַרצווייפלטע — דאָס שטומען.
דאָס ווילדע געלעכטער פון פרויען,
בעת זייערע מענער פאַלן אין קריג —
אָ, אשמדאַיס זיג!

די בליקן פון די שטומע בעלי־חיה אין די ברענענדיקע שטאַלן,
דאָס קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע פערד
און דאָס וויינען פון די פלאַנצן ביים ווערן צעשטערט —
ס'איז דער וויגעשריי פון דיין ערד!

אָבער דו ענטפּערסט מיר ניט.
דאָך, איך וועל ניט אויפהערן ווייטער צו רופן: גאָט!
זע די בראָך!

גאָט!
אל שדי און אלהים!
האַר איבער אַלע וועלטן אין אַלע צייטן!
מייסטער פון אַלע ווערק און קונסטן!
אַנטפּלעקער פון אַלע סודות און חכמות!
גאָט אין סוף!
ערשטער פון אַלע ערשטן און לעצטער פון אַלע לעצטן!
גאָט אַלמעכטיקער! אַנטפּלעק מיר
דעם סוד פון דיין שאַפן און צעשטערן,
דעם סוד —
פון דיר, גאָט! — — —

אל נוקם ונוטר! גאָט פון נקמה!
אייביק איז מלחמה!
דעם נעכטן פאַרניכטעט דער היינט,
דער פריינט זיין פריינט.
איין חיה די אַנדערע פאַרשלינגט.
אין בלוט די וועלט זיך טרינקט.
דאָס אייגענע אין דער וועלט פון גייסט:
איין געדאַנק דעם אַנדערן צערייסט.
וואָס פאַר אַ ראָלע קאַנען שפּילן
פון נשמה די געפילן? — — —
און אזוי וועט אייביק בלייבן: אינם בויען —
וועט זיין דאָס צעשטערן.
אין דער געבורט —
דאָס פאַרניכטעט ווערן.

אָ, שפּאָט און געלעכטער,
אַז דיך רופט מען ,גאָט גערעכטער'!"

## II

אין קלויז, איבערן אָפֿענעם ספר „מלאך עזיאל״
האָט אוריאל גערופֿן און גערופֿן,
געוויינט און געבעטן, ביז ער איז איינגעשלאָפֿן.
און ווי אין יענער נאַכט, א חלום: ער איז אין הימל,
נאָר פֿאַרלאָשן איז דאָרט די זון, די לבנה און די שטערן.
פֿינצטערניש, קיין שאָרך צו הערן.
ער רופֿט: „י־ה־ו־ה!
איך שטיי פֿאַר דיר אין הימל,
און מיט מיר צוזאַמען
זיינען די נשמות פֿון די מיליאָנען געקומען,
די נשמות פֿון די געהרגעטע, און זיי מאָנען
אַן ענטפֿער אויף זייערע ליידן ביים לעבן,
אַן ענטפֿער אויף זייער גרויזאַמען שטאַרבן.״

אָבער אויך אין הימל
האָט דער קלויזניק קיין ענטפֿער געקריגן
און ער האָט זיך אויף די טויטע צעשריגן:
„בלינדע! בלינדע געבוירן און בלינדע געשטאָרבן!
בלינד זענט איר געגאַנגען אין קריג —
פֿון בלינדקייט אַ קרבן.
אויך איך בין בלינד,
פֿון בלינדקייט אַ קינד,
וואָס זוכט אין די הימלען.

אָ, זין פֿון שקלאַפֿישע טאַטעס און הכנאהדיקע מאַמעס!
שקלאַפֿן, אייביקע שקלאַפֿן,
וואָס פֿאָלגן און שאַפֿן!
ווידער גייט איר אין קריג.
דאָך יעדער זיג —
איז אַ נייער קריג.
באַזיגטע ווערן זיגער —

באַלד פאַרקערט ווידער.
אַזוי אייביק, אייביק און אייביק;
ווייל קיינמאָל האָט קיינער
מיט שווערד אין האַנט
באמת פאַרטיידיקט זיין לאַנד.
און נאַריש איז אויך דאָס פאַרשן
אַלץ מער וויסן צו דערגרייכן,
ווען ערגער ווי חיות
מאָרדעט איינער דעם צווייטן.
אמת, גערעכטיקייט, שיינקייט —
ווערטער פון הוילקייט.״

און ווידער האָט אוריאל, דער זון פון ישעיה,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט
צו גאָט זיך געווענדט:
„אל רחמים וחנון!
דו עטנפערסט יעדן, וואָס רופט צו דיין נאָמען —
ענטפער אויך מיר אין מיין בלאָנדזשען.
דו האָסט געוועקט מיך,
איך זאָל זען וואָס דו וועסט טאָן;
אָ, גאָט! אַלץ איז מקוים געוואָרן. איצט וויל איך זען דיך.
איך וועל דיך זוכן,
ביז איך וועל געפינען דיך.״

III

ווייטער געחלומט האָט דער קלויזניק: ער איז אין צווייטן הימל
און זעט, ווי אין בראשית וועקט זיך לעבן —
גאָטס אַטעם אינם ווערן.
ס׳האָט אַ שטראַל זיך באַוויזן, אַ בלאַסער, קוים נאָך צו זען.
דאָן די גאָלדענע זון, די לבנה און די שטערן.
און שוין איז אַ שטימע צו הערן.

ער איז געפאַלן אויף די קניען
און תפילה געטאָן.
נאָר באַלד, ס'איז קוים אַ רגע אַוועק —
וואַסער, וואַסער אָן אַ ברעג!
אין אַ מבול טרינקט זיך די וועלט,
וועלכע גאָט האָט קוים־ערשט געשאַפן.
פאַרצווייפלט לויפן מענטשן און חיות,
קלעטערן אויף ביימער, אויף באַרג און שטיין.
אַלץ העכער רייסט זיך געוויין.
ווי בליי אָבער דער הימל, און ווי פינצטערע נאַכט —
גאָטס גרויזאַמע מאַכט.
ס'בליצט און ס'דונערט. און צווישן ברויזנדע כוואַליעס —
קינדער אין אָרעמס פון מאַמעס,
חיות און פלאַנצן —
דאָס לעבן אינגאַנצן.

עס רייסט זיך פון אוריאלס האַרץ: „גאָט!
דערדאָזיקער מענטש — נאָך אַ קינד —
איז קעגן דיר באַגאַנגען שוין זינד?!
שאַנד און שפּאָט!
ביזט אַ רוצח, אָ, גאָט!
און דער מענטש — אין דיין פורעם און געשטאַלט —
ווי דו: דערהויבט זיך און פאַלט.
ס'איז זיין ווילן ניט פריי;
אין אים געוועלטיקן כחות צוויי.

דער מענטש טוט פאָרשן און פרעגן,
ער טראַכט אויס ווערטער און נעמען
פאַר אַלץ וואָס ער טוט זען און באַנעמען;
דאָך בלאָנדזשעט ער ווייטער אויף פינצטערע וועגן.
ער בלייבט אַ רעטעניש זיך אליין.

ער וויל זיך פאַרשטיין
און דערקענט:
אין אים איז גאָט;
דאָך בלוטיק זיינע הענט.

געבענטשט איז דער מענטש און פאַרשאָלטן:
ער איז אין צווייען געשפּאָלטן.
שוין דערהויבט ער זיך צו דער העכסטער הויך
און צום אָפּגרונט ציט אַ צווייטער כח.
און איך ווער בין?" פרעגט אין הימל זיך דער קלויזניק.
„כ'לויב גאָט און זיין שטאַרקייט,
זיין מאַכט און זיין שיינקייט,
זיין הערלעכקייט,
זיין אייביקייט.
דאָך באַלד שענד איך אים
און דריי מיך אין א כשוף־ראָד אַרום."

„דו ביזט דאָס העכסטע פון גאָטס ליבע,
דער פלאָם פון זיין האַרץ און אַ טייל פון זיין גייסט,"
האָט אוריאלן אַ מלאך געטרייסט.

ער האָט אויפגעהויבן זיך העכער, ביזן דריטן הימל.
דאָרט האָט ער ווידער געבעטן: „רבונו של עולם!
איך פרעג שוין ניט מער וועגן טויט און וועגן לעבן,
אויך ניט וועגן פאַרגיין און ווידער ווערן.
אָבער דיך זען וויל איך פּנים אל פּנים, און אַן ענטפער פון דיר הערן
אויף דיליידן אינעם לעבן.
זיינען ווייניק מגפות?
שטורמען? וואולקאַנישע שריפות?
דער מבול און אַנדערע קללות?
מוז דער מענטש אַליין זיך פאַרניכטן?
אַלץ וואָס ער שאַפט ווידער פאַרוויסטן?" —

„קין, דו האָסט דיין ברודער געטויט!“
האָט דאָס קול פונם מלאך ווידער גערופן.
„דיינע הענט זיינען פון בלוט ווידער רויט!
אָן אַ סוף איז די קייט פון דיינע זינד,
וואָס ציט דיך צום אָפּגרונט!“

„פאַרגיב, אל רחמים וחנון, דעם זינדיקן די זינד“,
האָט דער קלויזניק געבעטן.
„ס׳איז זיין ווילן ניט זיינער;
ער איז דיינער.
זיין נשמה איז טיף ווי דער ים,
זיין גייסט ווי דער הימל איז קלאָר;
דאָך אַן אָפּגרונט און שוואַרץ —
איז זיין האַרץ.
אין זיין בלוט איז פינצטערע נאַכט,
און איבערגעגעבן-געפּערט אין אשמדאיס מאַכט.“

„כאַ-כאַ-כאַ!“... הינטער דעם קלויזניק
אשמדאי לאַכט.

„גאָט!“ האָט אוריאל ווידער געשטרעקט זיינע הענט און געבעטן.
גיב מיר קלאָרקייט, באַלויכט מיין וועג אין פינצטערער נאַכט.
איך וויל אויף דיין כסא הכבוד דיך זען,
מיט דער קרוין אויף דיין קאָפּ,
ווי איך האָב דיך תמיד געזען.“

„אומעטום איז גאָטס ליכט, אין יעדן ווינקל זיין כסא הכבוד,“
האָט דאָס קול צו אוריאל ווידער גערופן.
„מיט גאָטס גרויסקייט פול איז די לופט.
זיינע וועגן זיינען באַלויכטן, באַשיינט פון זיין הערלעכקייט.
בלויז גוטסקייט איז ער; דאָך שטרענג זיין גערעכטיקייט.“

און די האַנט פונם מלאך
האָט דעם קלויזניק גענומען ביי אַ האַנט און געפירט.

און געזאָגט האָט ער אים: „ס'האָט גאָט געזען דיין צער
און וועט עפענען דיר זיין רחמים־שער.״

דאָך דאָס געלעכטער פון פריער
איז ווידער הינטער אוריאל: „כאַ־כאַ־כאַ!...
ווערסט לאנג בלאָנדזשען נאָך, נאַר!״...

## IV

אין פערטן הימל האָט דער קלויזניק דערהערט קרעכצן אַ קינד,
שטיל, ווי אַ פּיפּס פון אַ פייגעלע פאַרן שלאָפן־גיין.
באַלד פון אַ מאַמע געוויין,
דאַן געיאָמער, אַ קלאָגעריי, ווי הוילן פון ווינט;
דאָס געשריי פון די מענטשן אונטן אין טאָל,
פון די אלמנות און יתומים, פון לייד אָן אַ צאָל —
האָט דורכגעבראָכן אַ וועג צום כסא הכבוד.
נאָר ווי, אויך אין דעם הימל איז גיהנום
און דאָ ברענען די נשמות פון יענע,
וואָס זיינען געפאַלן אין קריג.

„איז זייער שטראָף ניט גענוג?״
פרעגט אוריאלס דערשראָקענער בליק.

„זיי האָבן גאָטס נאָמען געשענדט!״
רופט אַ שטימע.
„ווען זיי האָבן געמאָרדעט, גערויבט און צעשטערט,
האָבן זיי געהויבן צום הימל זייערע בלוטיקע הענט
און געבעטן: 'גאָט... גאָט'...
און לא תרצח — דאָס עכסטע געבאָט —
ניט געהערט!״

אין געוויין האָט אויסגעבראָכן דער קלויזניק: „מלאכים!
כרובים און שרפים!
אויך צו אייך האָב איך תמיד געבעטן,
אויף אייערע פליגל געשוועבט אין די הימלען;
העלפֿט מיר אצינד!

גאָט! שטאָט דעם שער הרחמים —
האָסט געעפֿנט מיר דעם טויער פֿון גיהנום!"

„שוויג!" האָט דעם קלויזניק די שטימע געוואָרנט.
„דו לעסטערסט גאָט! ס'איז פֿינצטער אין הימל; וויי!
ווי קאָן ליכטיק דען זיין —
ווען מענטש לעשט אויס דאָס לעבן?
דו רופֿסט גאָט צום משפּט? —
קום!
נאָר די נשמות פֿון די דערמאָרדעטע רוצחים —
מוזן זיך פֿריער דאָ לייטערן!
אַלע, וועלכע האָבן גאָט געזוכט נאָר אויבן
און זיין וואָרט אונטן ניט פֿאַרנומען —
זאָלן דאָ אין הימל פֿאַרשטומען!"

„זיי האָבן אַלץ געמוזט פֿאָלגן,"
האָט אוריאל ווייטער געבעטן.
„זיי האָבן געמוזט —
אפֿילו אַרבעטן אומזיסט;
זיין קנעכט, און לאָזן אויף זיך טרעטן
און צו געצן פֿון פֿייניקער בעטן.

אָ, געפּייניקטע, איר מוזט ווייטער נאָך ליידן.
אַלע זיינען זינדיק;
אויך איר זענט שולדיק!
ניט תּפֿילות, ניט וויינען קאָן העלפֿן.
בלויז ליבע פֿון איינעם צום צווייטן,
ליבע צום נאָענטן און ווייטן —
קאָן דערלייזן.

מענטשן פון דורדורות!
פעלקער פון אַלע פאַרבן און אמונות!
אַלע, וועלכע האָבן געפאָלגט און פאַרגאָסן בלוט —
זייט שטאַרק איצט! האָט מוט!
צוזאַמען מיט מיר —
ברעכט די טיר!

ביסט אַ ריז!
צעררייס די קייטן פון הענט און פיס!
די קייטן פון גייסט —
צעררייס!
צעררייס!

באַפרייטע קנעכט!
שטאַרקער ברעכט!
איר הערט ווי ס׳קראַכט? —
עס פאַלט די מאַכט
פון הערשער אַליין זיך געקרוינט!
אויך די רויבער ניט שוינט!״

און פלוצלונג! — אויפגעכאַפּט זיך, צי ווייטער אין חלום —
הערט דער קלויזניק די גלאָקן קלינגען: „בום...
בום... בום...
פאַלגן זאָלן אַלע שטום!״...

## V

וואָס לייגער דער חלום —
אַלץ העכער איז דער קלויזניק געקומען.
אין פינפטן הימל האָט ער דערזען גאָר צלמים.
אויף דעם ערשטן צלם, מיטן בלוט נאָך באַגאָסן
פון אַ האַרץ אַדורכשטאָכנס,
פון אַ האַרץ אַ געטליכס —
פאַר מענטשן אין אַ מענש.

נאָר ס׳האָבן די מענטשן זייער דערלייזער
מיט אייזערנע נעגל גענאָגלט צו קרייץ,
און ווי קינדער —
דינען זיי צום שטיק האָלץ אַצינדער.

און פול איז דער הימל מיט פאַרשידענע קרייצן,
אויף וועלכע די מענטשן האָבן־געקרייציקט זייערע רעטער
און געבויט קירכן פאַר געטער.

דעם מענטשס גוטע טאָטן ? —
ס׳פליט אַ ווייסע טויב פאַרביי .
דאָך, ווײ !
ס׳האָט דער מענטש אליין זיך פאַראַטן.

מישן אין גיהנום די שדים דאָס פייער,
לאָכן און טאַנצן אַרום די שרעקלעכע פלאַמען
און פלוכן : „אַלע צוזאַמען,
פון דער וועלט און יענער וועלט —
ברענט !״

## VI

אין זעקסטן הימל איז דער פרוזדור פון בית דין של מעלה.
אין זיבעטן שטייען ווייסע מלאכים
אין שורות צו צען,
אין שורות צו זיבן,
אין שורות צו דריי
און אין אַנדערע מיסטישע צאָלן.
זייערע פנימער און די פיס באַדעקט מיט די פליגל
און געבויגן די קעפּ אין גאָטספאַרכטיקן שווייגן.

ס'שטייט אַ גאָלדענער טיש, אַ פייערדיקער טראָן.
ווי אַ רעגנבויגן, מיט פינקלדיקע שטערן, איז די געטלעכע קרוין.
ס'זיינען אָנגעצונדן די אייביקע ליכט
און אויפגעמישט איז דאָס ספר „מעלו יקרא".

נאָר עס קלאָגן די מלאכים אין די שורות צו צען:
„גאָט וויל ניט מ'זאָל אים זען.
די מענטשן האָבן זיין נאָמען געשענדט,
אין פייער געברענט,
באַפלעקט אין בלוט,
מיט ליגנט באשמוצט!"

ס'יאָמערן די מלאָכים אין די שורות צו זיבן:
„אויף ים, יבשה און אינדערלופט,
מאָרדעט איינער דעם צווייטן און רופט
צו גאָט אָן שאַנד —
ער זאָל דאַביי שטארקן זיין האַנט!"

ס'וויינען די מלאכים אין די אַנדערע שורות:
„דאָס זילבערנע ליד,
אין בלויקייט געהילט;
פון ליבע און שאַפן ס'געזאַנג —
צעטרעטן האָט דער מענטש אין זיין בלוטיקן גאַנג!"

דעם קטגורס קול דונערט:
„פירט אים צום משפט!
אים פאַרשלינגען זאָל די ערד
און אליין — ווייל זי האָט אים געבוירן —
זאָל אָפגעמעקט ווערן!"

ס'קניען די מלאכים און בעטן:
„מלך הכבוד! גרויס איז דיין חסד.
דיין נאָמען איז צדק. אייביק איז דיין מאַכט.
דיין ליכט לויכט אויך ביינאַכט."

אַ בת קול שאַלט:
„ס'בית דין של מעלה קומט!"

אין כאָר זינגען די מלאכים:
„קדוש! קדוש! קדוש!
גרויס איז דיין מאַכט!
הערלעך דיין פּראַכט!
קדוש! קדוש! קדוש!"

אין די הימלען אַ געררויש
דאַן אַ שטילקייט.
אויפן טראָן, מיט קרוין אויפן קאָפּ,
האָט געזעצט זיך די אייביקייט.
פון ביידע זייטן די פמליא של מעלה.
ס'טייטש דער סניגור.
ס'איז גרייט דער קטגור.
ס'ליגן באַווייזן: דינאַמיט,
האַרמאַטן,
גראַנאַטן,
ביקסן און שווערדן,
מאַשינגעווערן,
קריגסשיפן,
טאַנקן,
עראָפּלאַנען,
גיפטיקע גאַזן,
צונגען פון דיפּלאָמאַטן,
געלט,
תפיסות און קייטן.

ס'ווייזט דער קטגור אויף די נשמות פון דערמאָרדעטע קינדער,
אויף די נשמות פון בעלי חיה,
פוןביימער, בלומען און אַנדערע פלאַנצן;
אויף די ימים בלוט און טרערן,

אויף אַלע גזלות, נבלות, רציחות און שרפות —
דער ווייגעשריי געקומען איז פאַרן בית דין של מעלה
און פאָדערט גערעכטיקייט,
שטראָף פאַרן מערדער!

קריסטוס, מיט די לעכער אין הענט און פיס, מיט דורכשטאָכן
שטייט געבויגן, — האַרץ —
מיט פאַרמאַכטע אויגן,
פינצטער און שוואַרץ.

ס׳וויינען די מלאכים.
די הימלען וויינען,
וויינען און וויינען.

נו, רייד דער סניגור:
„גאָט! דער מענטש איז דיין ווערק
און שולדיק —
קאָן זיין נאָר דער מייסטער.”

„ניין!” באַשולדיקט ווידער דער קטגור.
„דעם מענטש האָט גאָט ווילן געגעבן; ער קאָן ווילן:
זיין דעם בוראס מיטבאַשאַפער,
אָדער צעשטערער.
אפילו מאַכט גאָט צו באַפעלן —
האָט כביכול אים געגעבן.
פונם זעלבן אייזן,
וואָס דער מענטש גראָבט —
קאָן ער מאַכן אַ שווערד,
אַ פלוג צום אַקערן די ערד
און אַ קאָסע — תבואה צו שניידן.”

ס׳פאַרבויגט זיך אויפסניי דער סניגור: „אמת, גרויסער האַר!
דו האָסט דעם מענטש דעם יצר טוב און דעם יצר הרע געגעבן,
און געזאָגט צו אים: „דו זאָלסט ווילן.

דעם יצר הרע אָבער — מער ווי דעם יצר טוב —
געגעבן האָסטו קראַפט
איבערן מענטש צו האָבן די מאַכט.
איז אינם מענטשס האַרץ תמיד געראַנגל
און אומעכטיק, צעבראָכן איז זיין ווילן.״

אין ערפורכט דערציטערן די מלאכים,
ווייל שטרענג איז כביכולס פנים.
געציילט איז זיין יעדעס וואָרט: „אין יעדער איינס זיינען צוויי.
איך איבער זיי.
עס זיינען דריי.
אָבער אַלע צוזאַמען — איינס,
און יעדע איינס איז פריי.
איך האָב דעם מענטש געגעבן צוויי אויגן —
ער זאָל מער קאָנען זען.
איך האָב אים געשאַפן מיט צוויי הענט —
ער זאָל זאַכן אָנטאַפן,
אומאַרמען און שאַפן.
כ׳האָב אים געמאַכט מיט צוויי פיס — ער זאָל קאָנען גיין.
ער האָט אַ האַרץ — צו קאָנען פילן, און אַ מח — צו פאַרשטיין
דעם חילוק צווישן גוטס און שלעכטס.״

און באַפוילן האָט כביכול: „זאָל ליידן דער באַשולדיקטער —
און אליין שולדיק אין זיינע ליידן!״

נאָר ס׳שווייגן די געליטענע,
די אייביק געפייניקטע,
די דערנידעריקטע,
די פאַרשקלאַפטע און באַרויבטע
און אין מלחמה געפאַלענע.

ס׳בלוטיקט דאָס האַרץ אין אוריאל.
זיין נשמה איז צעווייטיקט.
דאָס, וואָס ס׳זען זיינע אויגן —
האָט טיף זיין קאָפּ געבויגן.

ער בעט: „רחים וחנון! איך שטיי פאַר דיין כסא הכבוד;
אָן עדות פאַרן מענטש ביים משפט.
אויף דער ערד —
אַלע פון איין טראַכט,
פון איין מאַמע געזויגן,
געוואַרעמט פון איין זון, און דער סוף —
אַלעמענס גלייך —
זיינען געטיילט זיי אין אָרים און רייך.
די אָרימע ווידער —
ניט ברידער —
זיינען געטיילט אין פּאַרטייען,
האָבן פירער,
וואָס ווילן זיי באפרייען
און שפּאַלטן די רייען
אין אַלץ נייע פּאַרטייען.
די רייכע —
שטאַרק דורך די שוואַכע —
צווינגען די מיליאָנען פאַר זיי גאָלד צו גראָבן,
פּאַרמעגנס צו שאַפן,
פאַר זיי זיך צו שלאָגן, צו שטאַרבן.
און קיסרים, געקרוינטע הערשער און פּאַלשע פּריסטער —
צווינגען די קנעכט צום פאָלגן.״

גאָטס פּנים איז פון צאָרן
פינצטער געוואָרן.
די מלאכים זיינען געפאַלן צו זיינע פיס.
קריסטוס — מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס —
האָט געבעטן: „דערבאַרמדיקער שעפער!
פאַרגיב די שוואַכע, די זינדער —
דיינע קינדער.״

אויך די פּריסטער, מיט רויטע פּנימער און פולע בייכער,
האָבן זיך געבוקט און געבויגן,
און געבעטן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן:

„גאָט אונדזער האַר!
יעזוס אונדזער רעטער!"

אַ שרעקלעך געלעכטער.
ס'לאַכן די מלאכי חבלה, אשמדאי:
„כיי!... כיי!...
זיי וואָגן —
אויך אין הימל צו נאַרן!"...

ס'שטאַמלען די פּריסטער, ווילן אַנטלויפן.
געשרייען.
אַ יללה.
אַ בהלה.
די טירן אָבער זיינען פאַרמאַכט
און באַוואַכט.

אַ רעש. די געגנאַרטע פון טויזנטער דורות,
די פעלקער פון אַלע אמונות —
האָבן זיך דערהויבן און רופן: „פאַרפירער!
פאַרעטער!"
ס'קריצן ציין.
ס'הייבן זיך הענט.
ביטער געוויין.
צאָרן ברענט.

קריסטוס — פאַרשעמט —
ווייל די שאַנד ניט זען: קריכן,
אַנגעפּרעסענע גלחים,
צלמים און שייטערהויפן —
דאָס איז געוואָרן פון זיין לערע,
צו ליבן אפילו דעם שונא.

אויך די מלאכים פאַרמאַכן די אויגן.

ס׳איז שטיל.
כביכול לייענט דעם פסק דין:
„אַלע האָבן געזינדיקט!
און מער נאָך ווי די הערשער געקרוינטע
זיינען שולדיק:
די, וואָס האָבן געלאָזט איבער זיך הערשן,
די, וואָס האָבן דאָס גאָלד געגראָבן,
געמאַכט כלי זין
און געגאַנגען זיך שלאָגן!

זאָלן פאַלן די געקרוינטע אויף דער ערד!
אין גהנים זאָלן ברענען די פריסטער,
וואָס האָבן אין מיין נאָמען די מענטשן פאַרפירט,
וואָס האָבן מיין תורה געלערנט זיי פאַרקערט!
און אויך די פאַרפירטע וועלן נאָך ליידן! —
זינד קאָן ניט אומבאַשטראָפט בלייבן!
ביז יעדער וועט זיין זיין משיח
און וועט אליין דערלייזן זיך!
דעמאָלט וועט אייביקער שבת זיין;
קיין שמערץ, קיין לייד, קיין פיין!
די ביימער וועלן שטענדיק זיין גרין.
מ׳וועט ניט אַקערן און ניט ארבעטן; בלויז אַ ריר מיט א פינגער—
און אַלץ וועט זיין.

זע אין מזרח!
זע אין מעריב!
זע אין צפון!
זע אין דרום!
פאַרלאָשן זיינען די פלאַמען,
די רויטקייט איז ווייס געוואָרן.
דער בלויער הימל קושט די שווארצע ערד.
צעבראָכן איז די שווערד.

גרינגאָלדענע שטערן...
מוזיק צו הערן...
די זון אין פורפורקלייד —
וועקט צום לעבן,
רופט צו פרייד."

אין כאָר זינגען די מלאכים:
„ווי גרויס איז דיין מאַכט!
ווי הערלעך דיין פּראַכט!
ווי שיין, ווי שיין
דיין וועלט קאָן זיין!
אייביקער שלום —
דער גרויסער חלום —
מקוים איז געוואָרן!"

# חורבות און אויפשטאַנד

I

אוריאל האָט פארלאָזט די קלויז
און געלאָזט זיך אין דער וועלט ארויס.
ער וואַנדערט צווישן חורבות, דורך לענדער צעשטערטע,
דורך שטעט פאַרוויסטע און דערפער פאַרברענטע.
טרויעריק זיינען די פעלדער, מיט קברים באַזייעטע,
מיט מצבות (צלמים און ברעטלעך)
באַקלאָגן די לעבנס מיליאָנען
גרויזאם פאַרניכטעט.

ס׳זעט דער זון פון ישעיה די וועלט איז אַ פאַרבלוטיקט
בית עולם געוואָרן,
מיט נעצן פון שטעכעדיק דראָט,
פון פיין און ליידן אַן אָרט.

איבערגעבליבן און פאַרגעסן
ליגט אַ מענטש מיט אַ שווערד אין האַנט,
מיט אויגנלעכער — פאַרגליווערט אין שריי:
„איך, דער אומבאַקאַנטער זעלנער פון אַרמיי —
רוף: דערוואַכט
צו אַ נייער שלאַכט!”

די לופט איז פאַרסמט
מיטן פאַרגאָסענעם בלוט פון מיליאָנען מענטשן,
מיט די ליידן און פיין פון יאָרן קריג,
מיטן וויינען, שרייען און שווייגן
און מיטן קריצן פון ציין.

מחנות קראָען, שוואַרצע און פּעטע,
פליען אַרום און קראַקען: „קרא!... קרא!...
פון מענטשנפליש אַ ברײַ!"...

אוריאל — אין שרעק —
פרעגט: „א, שווארצער הימל! בלייענע וואָלקן!
וואָס וועט איצטער קומען?"

קראָען מיט שאַרפע נעגל און שאַרפע שנאָבלען,
שטייען אויף אַ בויך פון אַ טויטן (אַ מענטשס פאַרפוילטע נבלה)
און רייסן זיך איבער זיינע געדערים.
און ערגעץ אין אַ שטאָט, צי אין אַ דאָרף,
האָפּט אַן אלמנה און טרייסט די יתומים: „אייער טאַטע לעבט,
ער וועט קומען." נאָר דאָס עלטערע קינד,
מיט טרויעריקע אויגן,
פילט, אַז ס'איז זיין טאַטע שוין טויט, און יעדע נאַכט,
ווען אַלע שלאָפן, דערוואַכט
ער מיט אַ שטיל געוויין.

אַ זקן זאָגט תהילים און בעט: „גאָט! דריי זיין — גענוג;
לאָז די רעשט מיר צוריק."

אין אַ טוך פאַרהילט, די אויגן ווילד,
בלאָנקעט אַ מיידל. זי לאַכט, וויינט
און רייד ווי צו אַ פריינט:
„ביסט געשטאָרבן?...
קום מאָרגן ...
איך וואַרט שוין לאַנג...
אוי, מיר איז באַנג"...
זי וויינט, לאַכט, רייד צו אַ געשטאַלט —
און פאַלט.

די קראָען קומען צופליען: „קרא!... קרא!...
פון מענטשנפליש אַ ברײַ!"...

אוריאל, שרייט: „א, טויטע וועלט! א, פיין!
וואָס וועט איצטער זיין?״

ס׳שרעקן די גריבער און לעכער, די לערע אקאָפּעס —
אויפגעריסענע מיילער —
וואַרטן אויף נייע קרבנות.

ער גייט ווייטער, געזונקען די הענט.
א בית עולם איז די וועלט
און גאָט געשענדט.
מ׳זעט ניט קיין פּויער אין פעלד,
מיט זיין אַקעראייזן ווי זילבער.
מ׳הערט מער ניט קיין לידער
פון פּאַסטוך און שניטער.
גרוי איז דער הימל.
עס וויינט דער ווינט.
עס וואיען הינט.

אייזן שטאָל און מעש (פון כלי זין און קוילן)
איז צעזייעט איבער פעלדער און זשאַווערט.
און ס׳אַוירט
דאָס פלייש פון שלעכט באַגראָבענע מתים.
צעוואָרפן ליגן אויסגעריסענעביימער —
געפאַלענע ריזן מיט געצווייגטע אַרעמס.
די בלעטער שוין פארוועלקט, די וואָרצלען אינדרויסן —
טריפן מיט בלוט נאָך און מאַרך.
דער קלויזניק הערט ווי זיי וויינען.
נאָך שרעקלעכער זען אויס די ליידיקע פלעצער פון וועלדער: גאַל,
מיט אַש און גלאוונעס פון שטאַמען, וואָס האָבן געברענט,
און ביז צו ענד —
דאָך ניט געוואָרן פאַרלענדט.
ס׳וואַלגערן זיך ביינער פון מענטשן,
צוזאַמען מיט ביינער פון פערד —
אינם מיסט אויף דער ערד.

די קראָען קראַקען און קראקען: קראַ!... קראַ!...
פון מענטשנפלייש אַ ברײ״...

II

איין הונדערטער שטעט
זיינען פון די הייזער געבליבן בלויז חורבות,
לאַנגע קוימענס און שוואַרצע שטיינערקופּעס.

אוריאל וואַנדערט און וואַנדערט
און ווייסט ניט
אַז ער איז צוריק אין זיין שטאָט.
ער דערקענט ניט קיין וועג, קיין שטעג. בלויז הויכע, שווארצע
עדות —
און ער הערט ווי זיי שרייען: „גרויזאַמער מענטש!
האָסט נאַקעט די חרפּה פון דיינע מעשים
געלאָזט שטיין פאַר דער וועלט!״

אים גרוילט; ער וויל אנטלויפן פון דער שטאָט,
פון זיין אייגענער, וואו ער איז געבוירן.
זיין מאַמע איז געשטאָרבן.
מער האָט ער קיינעם, בלויז דעם הימל
און ער פרעגט אים: „וואוהין זאָל איך גיין?
ס׳איז אין יעדע שטאָט גרעסער דער חורבן.
איך ווייס איצט שוין ניט: וואָס איז ערגער? וואָס בעסער?
איך דערקען ניט דאָס אָרט וואו איך בין געבוירן.
ווער האָט מיך געהאָט? ווער האָט מיך דערצויגן?
מ׳האָט געלערנט מיך זיין פרום, און —
רויבן און מאָרדן.
כאַ־כאַ־כאַ!... מען מעג אין מלחמה!...
א, נקמה! —
צעשטערט איז דאָס חדר וואו איך האָב געלערנט,
די שול און ס׳בית המדרש וואו איך האָב געבעטן.

פאַרוויסט זיינען טעמפּלען,
און די, וואָס זיינען גאַנץ נאָך געבליבן —
זיינען פאַרלאַכט פון די מענטשן,
וואָס זיינען לעבן געבליבן.
דאָך קלינגען די גלאָקן נאָך ווייטער,
רופן נאָך אַלץ צו זייערע תפילות די פאַלשע —
צו זייער טויטן געמורמל.
אָבער ס׳רופט אויך שוין אַן אַנדערער גלאָק;
ער רופט צו אַ נייע תפילה,
צו נקמה אַן די שולדיקע פון מלחמה,
צו נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט —
רופט דער גלאָק און רופט.
ער רופט צו אַ נייע תפילה —
אַ ניי לעבן צו באַגינען.

און אין מיטן מאַרק שטייט דער זון פון ישועה
און ווייפט: העי, שולדיקע!
אָרימע שלעפּער פון קעלער און לעכער!
פון חורבות, אין גריבער ווי באַהאַלטענע ווערים —
קומט ארויס!
שטעלט אייך אויס!
ניט טרייסטן וועל איך אייך אַצינד, ניט העלפן אייך באַוויינען
די טויטע,
די שקלאַפּישע טאַטעס און פּחדנישע זין!
אויפסניי זאָלן אייערע הערצער איצט בלוטן,
און שמערצן זאָלן אייערע וואונדן
אויפן טויט פון די געפאַלענע אין קריג!
זיי אליין זיינען שולדיק!
אויך איר פרויען און מאַמעס,
אפילו די יתומים —
אַלע זיינען שולדיק!
איך בין אַ שופט איצט
און לאַד אויך מיך צום משפט!״

און שטיין געבליבן איז אוריאל
אונטער שווערן און שוואַרצן הימל,
צווישן קאַליקעס אָן פיס און אָן הענט,
צווישן קראַנקע און בלינדע,
צווישן לעבעדיקע מתים,
וואָס האָבן ווי ווערים געפּויזעט,
זיינען געקומען פון חורבות,
פון שטאַלן און מיסטן.
זיי האָבן געקוקט מיט ליידיקע לעכער,
מיט געלע פּנימער און מיילער אָן ציין;
טויבע,
דערשלאָגענע און האַלבע אידיאָטן,
הונגעריקע,
נאַקעטע און באָרפיסע.

אַ פאַרשטומטער,
קעגן די שולדיקע אַ שולדיקער,
האָט אוריאל זיך געפרעגט: „קאָנען אַזעלכע זיין שולדיק!״...

מיט אויסגעלאָשענע אויגן און אין דרייען געבויגן,
האָט אַ מאַן זיך געשלעפּט מיט זיין פרוי.
(צוויי צעבראָכענע שאַרבנס אין שמאַטעס געהילט).
אין דער פרויס אָרעמס אַ קינד —
אַן עדות פון זינד.
דער מאַן איז צוריקגעקומען בלינד.

אַ „זקן״; אַדערן —
שטריק איבערן האַלז, קוים ער גייט.
דערציילט: „פערציק יאָר בין איך ערשט אַלט.״
זיינע אויגן —
צום הימל געהויבן —
שעלטן.

ס'בלאנקען אָרום די יתומים: נאָך קינדער —
און שוין אלטע, מיט פינצטערע אויגן,
מיט איינגעפאלענע, בלאַסע געזיכטער,
פול באַשריבענע פון ליידן.
די בליקן שרייען: „הונגער! הונגער! הונגער!
אונזערע טאַטעס זיינען געפאלן אין קריג!
אונזערע מאַמעס האָבן זיך פאַרקויפט
פאַר ברויט
און זיינען אויך שוין טויט!"
זיי בלאָנדזשען אין די גאַסן,
ניט געוואַשן,
ניט געשוכט און ניט געקליידט,
צעפרעסן פון לייז,
פול מיט צרעת;
פאַרמשפטע יונגערהייט צום טויט
דורך הונגער און נויט.

אַ מיידל דערציילט:
„מ'האָט געהאַנגען מיין טאַטן.
צוויי ברידער זיינען געפאַלן.
איינער האָט אין פאַבריק אויסגעהויכט זיין לעבן.
מיין חתן איז אין געפאנגשאַפט געשטאָרבן
און מיין מאַמע האָט אליין זיך גענומען ס'לעבן."

אַ פרומער פאַרגלאָצט די אויגן
און פאַרזיכערט: „משיח וועט קומען."

העלפט זיינען אלמנות.
די אַנדערע פירן זייערע מענער אינוואַלידן
און בעטן נדבות:
— שענקט אַ גראָשן.
— אַ גראָשן פאַר צוויי פיס.

— פֿאַר צוויי הענט אַ גראָשן.
—אַ גראָשן פֿאַר צוויי אויגן.
— פֿאַר אַ האַרץ אַ גראָשן.
— זעט ווי איך ציטער.
— איך שפּיי מיט בלוט.

נאָך אַ בלינדער,
אַ הויכער מיט אַ לאַנגן שטעקן,
(מיט אויגן ווי פֿריער און דאָך קאָן ער ניט זען)
טאַפּט אינדערפֿינצטער,
זוכט זיין היים,
זיין ווייב און די קינדער.

אוריאל רופֿט: „בלינדער!
אונטער די פֿאַרברענטע ציגל און אַש
פֿון דיין הויז —
ליגט באַגראָבן דיין פֿרוי,
ליגן פֿאַרברענט דיינע קינדער!"

נאָר דער בלינדער גייט ווייטער, טאַפּט מיטן שטעקן אין האַנט
און וויינט: „כ'האָב געקעמפֿט פֿאַר מיין פֿאָטערלאַנד."

„גלין־גלאָן! גלין־גלאָן!"
רופֿט דער נייער גלאָק.
„ס'איז צייט!
אַלע זייט גרייט!"

און שוין לויפֿן די גענאַרטע,
פֿון אייביק פֿאַרשקלאַפֿטע.
דערוואַכט האָט דער פּויער;
ער האָט געאַקערט און ניט געהאַט וואָס צו עסן.
דער מוירער האָט ניט געהאַט וואו צו וואוינען,
דער וועבער איז נאַקעט געגאַנגען —
זיי אַלע האָבן דערוואַכט
צו זייער שלאַכט.

## III

אין גרויסער שטאָט רופט ס׳לעבן ווילד אין די גאַסן,
ליאַרמט מיט געשעפטן און פאַבריקן,
מיט קאַפעהייזער און רייכע באַרן,
מיט טעאַטער און קינאָמאַטאָגראַפן,
מיט צירקן און קאַבאַרעטן,
מיט שולן און אוניווערזיטעטן,
מיט פאַרלאַמענטן און קולואַרן,
מיט צייטונגען און קאָמיטעטן.
נאָר מער נאָך שרייט אין אָרימע גאַסן
דער הונגער, פאַרצענפאַכט פון קריג.
דער טיפוס גייט ווי וואָלדפייער פון הויז צו הויז
און פאַרצערט הונדערטערווייז די קרבנות.

ס׳ווייִנען מאַמעס אויפן טויט פון זייערע קינדער,
די אַלטע — אויף זייער עלטער, און די יונגע —
אויף זייערע יונגע יאָרן.
אויסגעלאָשן און שטום בלאָנדזשען מענטשן,
וואָס ווילן ניט לעבן און קאָנען ניט שטאַרבן.

אין די ראָגן ווימלען זונות,
יונגע און אַלטע. זיי זוכן קונים. ניט טייער:
דער גאַנצער תענוג, מיט די סיפיליס —
ניט מער ווי אַ דרייער.

שמאַלע, ענגע גאַסן.
גרויע ווענט.
דער האַרבסטיקער רעגן גיסט און גיסט
און בעטלער שטייען מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
אַ פרוי שטופט איר קינד די ברוסט אין מויל און שרייט:
„זויג ממזר! צי די ליידיקע הויט,
פון מיין האַרץ דעם טויט,
דעם ביטערן פיאַלן!

אוי, מיין לעבער איז געשוואָלן
פון בעטן: שענקט א נדבה
אַן אָרימער אלמנה.״

אין שענקען טרינקען שיכורים, פלוכן, שרייען
און שפייען
אויף זייער לעבן און אַלץ.
קיין ווילן מער, קיין ליבן, קיין האַסן;
שלעפּן זיך שיכורע דורך גאַסן.
ס׳שפילן קאָטערינקעס,
קונצנמאכער שפּרינגען דורך רייפן,
דראָשקעס לויפן,
אויטאָמאָבילן פליען,
טראַמווייען קלינגען און באַנען שוועבן.

ס׳איז אַ געפּילדער, א טומל.
ס׳איילן מענטשן מיט עפּעס א סוד אין די אויגן...
שוין לאַנג אז דער סוד האָט זיך אָנגעהויבן וועבן...

נאָך פרי; דאָך גייען די אַרבעטער פון די פאַבריקן.
פון די לאַנגע קוימענס גייט מער ניט קיין רויך.
יונגען קלעפּן פּלאַקאַטן, פון זיי שטראַמט אַ כח.
די קרעמער שליסן זייערע געוועלבער,
די וועכטער די טויערן.

מענטשן לויפן...
עס פלאַטערן רויטע פענער...
עס מאַרשירן רייען נאָך רייען
אַרבעטער ארמייען — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

## IV

אויף באַריקאַדן קעמפן ווי העלדן
די שקלאַפן און זיגן.
טראָגנען שטירצן. הערשער פאַלן.
פאַרברידערט זיינען די מענטשן,
באפרייט פון זייער ליידן.

פאָרויס, פאָרויס פּראָלעטאַריער אַרמייען!
שליסט פעסטער די רייען!

עס יובלען פעלקער דערלייזטע,
עס זינגען לידער די שקלאַפן באפרייטע.
אוריאל טאַנצט אין די גאַסן און רופט: „זינגט די לידער
פון מענטשן־ברידער!"
נאָר אויפגעשריבן איז אויף די רויטע פענער: „פּראָלעטאַריער"
און ניט: „אַלע מענטשן זיינען ברידער."

פאָרויס, פאָרויס פּראָלעטאַריער ארמייען!
שליסט פעסטער די רייען!

דער זון פון ישעיה בלייבט פּלוצים שטיין,
פאַרצווייפלט אליין.
געשריי
רייסט זיך פון זיין הארץ: „רעוואָלוציאָן!
קאמף פאר דער הייליקסטער רעליגיאָן! —
איך קני צו דיר.
עס זינגען די דיכטער דיר באגייסטערטע הימנען!
אויך איך טו פלעכטן מיין ליד אין דיין זינגען:

פאָרויס, פאָרויס פּראָלעטאַריער ארמייען!
שליסט פעסטער די רייען!

דאָך זעט! שוין גיסט זיך בלוט — ניט פונם שונא;
מער נאָך גיסט זיך אין דער אייגענער ריי!
געזיגט האָט די רעוואָלוציע; דאָך ווי!
מיך באַפאַלט אַזש אַ מורא.
ווידער שטייט אַ מזבח, נאָך אַ גרעסערס ווי פריער,
און צו אַ נייעם מולך — אָן רחמנות —
ברענגען נייע כהנים קרבנות!
און זיי צעטרעטן די הייליקע אידעאַלן,
ווי ס'האָבן די גלחים אויף גאָט געטרעטן אין די קירכן.

בלייבט שטיין פּראָלעטאַריער אַרמייען!
עס ווערן קלענער אייערע רייען!

איר קעמפט פאַר פאַרברידערונג —
און עס שחט איין ברודער דעם צווייטן!
שטאָט פרייהייט — קייטן!
צעמישונג, צערודערונג.
יעדער וויל הערשן, און אין נייע פּאַרטייען —
שפּאַלטן זיך די רייען.

דערלאָזט ניט פּראָלעטאַריער אַרמייען!
שיצט אייערע רייען!

עס רופן טויזנטער פירער:
„ברודער!... ברודער!"...
יעדער מיט אַ שאָטן פון אַ געדאַנק —
פירט צום אונטערגאַנג.

פאָרויס, פאָרויס! די פּראָלעטאַריער אַרמייען —
שלעפן זיך ווי בלינדע אין די רייען.

די געגנאַרטע פאָלגן, טוען אַלץ וואָס מ'הייסט זיי טאָן,
אפילו קניען
פאַר די נייע טיראַנען.

עס זעט אַ שונא שוין איין ברודער אין צווייטען,
אַ פאַרעטער איין חבר אין אַנדערן —
עס קעמפן פאַרטייען מיט פאַרטייען.

מאַרש, מאַרש פּראָלעטאַריער אַרמייען! —
שקלאַפן אין די רייען!

די קעמפער שמידן קייטן פאַר דער פרייהייט,
קייטען פאַר די פרייע געדאַנקען,
קייטן פאַר די פרייהייטס קעמפער.
דאָס לאַנד
פון ברידערלעכקייט און גלייכהייט
איז איין תפיסה געוואָרן, און צו דער וואַנט
ווערן געשטעלט —
די וואָס קעמפן נאָך ווייטער פאר פרייהייט.
דאָרט קלינגען ניט מער קיין גלאָקן אין קירכן;
דאָרט קלינגען ווידער
די קייטן סיבירער!

א, פּראָלעטאַריער ארמייען!
עס ווערן ליידיק אייערע רייען!

מ׳פירט דורך גאַסן פאַרמשפטע קעמפער, פון חברים געמשפט;
בלויז ווייל זיי האָבן שטיל זיך געשעפטשעט:
„די אידייע — מיט שטיוול צעדעפטשעט.״
און ס׳דערשיסן די חברים זייערע געכטיקע פירער,
און די נעכטיקע שונאים — זיינען היינטיקע ברידער.

פאַרויס, פאַרויס פּראָלעטאַיער אַרמייען!
שלעפט אייך, שקלאַפן, אין די רייען!

# V

די רייכע,
(וועלכע האָבן געמאַכט די שרפה),
זיינען רואיק איצט.
ס'איז גרויס די שטאָט מיט גאַסן ברייטע,
זי טיילט אין צווייען זיך: אין איין טייל לאַכט מען
און אין אַנדערן וויינט מען.

ס'שפּילט דער טייוול וואונדערלעך זיין שפּיל.
מ'טרינקט וויין. און צוזאַמען: די, וואָס האָבן געמאַכט די מלחמה—
מיט די פירער פון אויפשטאנד; ביידע זיצן ביי איין טיש
און טרינקען לחיים.
אויף שטיקער האָט מען קרוינען צעבראָכן און די שטיקער צעטיילט
אַ פרייד! —
ס'קייסערן סאָציאַליסטן...

דער טייוול לאַכט: „ס'פירן ניט קיין קריג —
מענטשן מיט לעפל ביי א שיסל...
כאַ־כאַ!...
דאָס איז דער שליסל."

עס רייסט דער זון פון ישעידה זיך די האָר פון קאָפּ
און שרייט: „אַ, קנעכט! אייביקע שקלאַפן!
איר מוזט תמיד האָבן נאָר הערן!
איר דינט שקלאַפיש נאָר די, וועלכע קאָנען אייך נאַרן
און אייך מאַכן פאַר שקלאַפן!

וואַנזין! אָ, וואַנזין!
איר גראָבט גאָלד און מאַכט אייזערנע קאַסעס;
און זיינט די היטער פון פאַרמעגן —
וואָס טוט אנדערע געהערן!"

אין צווייען געטיילט איז די שטאָט.
אין איין טייל שטאַרבן פון הונגער —
קינדער!
מיליאָנען ראַנגלען זיך מיטן טויט
און געדונגענע פון זיי
(ס'זאָלן שפּעקולאַנטן רייכער נאָך ווערן)
פאַרניכטן דאָס ברויט.

און אין צווייטן טייל שטאָט —
דאָרט שטייען פּאַלאַצן,
ס'ליגט גאָלד אין אייזערנע קאַסעס,
ס'בליצן פּערל און בריליאַנטן.
דאָרט קאָכט ס'לעבן, רוישט און שוימט.
דאָרט פּעכלט ווייסער טיול און שוואַרצער אַטלאַס,
בלויער זייד און רויטער סאַמעט,
געלע און גרינע סטענגעס,
ראָזא פּליוש, ווענעדיקס שפּיצן —
טויזנט פאַרבן בליצן.
איידלשטיינער אין גאָלד געפּאַסט, אין פּלאַטין —
שמאַראַגד, טורקיס און רובין.
אין פענצטער (די הונגעריקע צו רייצן)
ליגן פלעשער וויין, קוכנס, טאָרטן,
די טייערסטע פרוכטן און געבראָטענע טויבן.

יעדע נאַכט ווערן בעלער געמאַכט.
ס'רוישט דאָס זיידנס פון די קליידער,
ס'בלענדן האַלב נאַקעטע לייבער
פון מיידלעך און יונגע ווייבער.
און סאַרע פּערפיומען! דער דופט —
רייצט און רופט.
נאַקעט זיינען ניט בלויז די אָרעמס.

אַנטבלויזט זיינען אויך די רוקנס
און פאַרדעקט אויף אַ קלוגן אופן,
וואָס די הערן ווילן קויפן...
ראָז און רויט לאַקירט די נעגל.
פאַרפּירעריש די אויגן.
די האָר געפאַרבט און אין לאָקנרינגען —
מלאכים פון הימל, טאַנצן, שפּרינגען.
די הערן — שטייפע,
די העמדער — בלעכן ווייסע,
שוואַרצע פראַקן,
רויטע, פעטע באַקן,
שטיערנאַקן.

ס'שפּילט מוזיק: פידלען לאַכן,
טראָמפּייטן רופן,
פלייטן הימלען,
ס'קלינגען צימבלען,
ס'קלאַפּן טאַצן,
ס'רימפּלען באַסן,
פּויקן זעצן.
די סאַקסאָפאָנען לעכצן ראָמאַנטיש,
בענקען פאַרצווייפלט,
עס דוכט זיך זיי וויינען.
ס'איז דזשעז. און די טענץ —
וועקן די קראַנקע און פאַרלאָשענע תאווה.

ס'פינקלט וויין אין גאָלדענע בעכער.
העי, די באָקאַלן העכער!
הוראַ!
נאָכאַמאָל אויפסניי!

ס'צויבערט אַ בלאָנדע אין טאַנץ.
מיט אָפענע מיילער און פאַרנעפּלטע אויגן, גאַנץ

פאַרכשופט זיינען די הערן. גליען
אין תאווה און קניען.
ווילדע געשריין: „בעלארינא!...
הימלישע געטין!"...

אַ צווייטע, אַ ברונעטין
וויקלט זיך ווי אַ שלאַנג אין אַ ראָד.
איר יעדער בויג איז געבאָט
פאַר די הערן,
קאַוואַלערן.
צו אירע פיס בריליאַנטענע רינגען
וואַרפן אין ווילדער התפעלות די יונגען,
וואַרפן בלומען און הויבן די גלעזער: „הוראַ!...
נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפסניי!"...

האַלב נאַקעט שוין די פרויען. אָנגעטרונקען —
אין שיכורע אָרעמס געזונקען.
און ווידער די גלעזער: „הוראַ!...
נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפסניי!"...

ווילד געלעכטער.
די מוזיק נאָך העכער.
עס טאַנצן שיכורים, ס'קוויטשען די ווייבער.
די מענער — שוין אינגאַנצן באַזאפן,
אָן די ראָקן, די הויזן אַראָפּ —
רייסן פון די שאַנשאַנעטנס די קליידער.

איינער —
האָט מיט אַ טויזנטער פאַרייכערט אַ ציגאַר.
אַ צווייטער — אַ פאַרברעכער? אַ נאַר? —
האָט גלאָט אַזוי עטלעכע טויזנטער צעריסן,
זיך אין אַ שיינעם אַקסל איינגעביסן,

פאַרלאָשן ס׳ליכט
און פלוצים אומגעריכט —
עס שטורמען יענע פון צווייטן טייל שטאָט...
טראַך! —
ס׳איז דער בלינדער שמשון ביי די זיילן
און זיי פאַלן.

## VI

נעכט זיינען פאַרגאַנגען,
טעג זיינען געקומען.
נאָר אלעמאָל פאַרצווייפלטער זיינען די טעג געוואָרן
און פינצטער ווי די נעכט איז ס׳לעבן געוואָרן.

די סוחרים האָבן געהאַוועט אויף בערזעס,
געקראַקעט ווי שוואַרצע ראָבען־מחנות:
„אַ מיליאָן...
הונדערט מיליאָן...
אַ ביליאָן”...

ערגער ווי אַ חיה געוואָרן איז דער מענטש,
ווילד פונם בלוט, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג פאַרגאָסן,
און דורשטיק —
בלוט ווידער צו פאַרגיסן.
צלמים און אנדערע צייכנס זייער גלויבן,
אָדער פּאַרטיי פּרינציפּן.
ס׳גלויבט דער ייד אין גאָט אין הימל,
אין יעזוס זיין זון גלויבט דער קריסט
און אין נאַטור־געזעץ דער אַטעאיסט.
דאָך צו רויב און מאָרד אין קריג
געגרייט ווערט יעדער אין וועג.

אַוועק זיינען וואָכן, חדשים און יאָרן.
און ווידער האָט אוריאל געזען א חלום: קריג.
און ווידער
שחט א ברודער זיין ברודער.
נאָר קלוגער
געוואָרן איז דער מענטש, שאַרפער זיין גייסט.
די פריערדיקע מלחמה איז געווען א קלייניקייט
קעגן דער צווייטער, וועלכע ער האָט געגרייט.
די לופט צו באַהערשן געלערנט האָט ער גוט,
אַז ניט בלויז אויף שלאַכטפעלד זאָל גיסן זיך בלוט.
און שנעל און גרינג
פאַלן אין די שטעט איצט אַלט און יונג,
מאַמע און קינד.

ס'קלינגען די גלאָקן און ס'פייפן סירענען,
רוישן, ליאַרמען ווי שטומווינטן,
ווי ס'וואָלטן די ימים געשריגן און די הימלען געוויינט,
ווי ס'וואָלטן די וועלדער, די בערג און די מדבריות געהוילט.
דאָס איז אַליאַרם. אָבער מ'זעט ניט דעם שונא;
אין ערגעץ קיין סכנה.
דאָך עס איז מלחמה,
כאָטש בלוי איז דער הימל, די זון שיינט,
און ווי נעכטן איז ס'לעבן אויך היינט:
מ'ארבעט, מ'האנדלט, ס'גייען מענטשן אין די גאַסן,
ס'פאָרן דראָזשקעס, אויטאָמאָבילן און טראַמווייען.
דאָך — פלוצים געשרייען!...
שוין לויפן די מענטשן.
דונערדיקע ניי־מאַשינען שטעפן...
דאָס זיינען אַנטי־עראָפּלאַנען האַרמאַטן.

און אָט —
עפּעס א פּינטעלע אויפן הימל...
באַלד עטלעכע... אסך...

ווי די פלעקן אויף דער זון, וועלכע מ׳זעט דורך טעלעסקאָפּן.
באַלד הויבן זיך פון אַלע פיר זייטן
מחנות עראָפּלאַנען אַלץ העכער און העכער...

— אונדזערע רעטער!...

דאָך לויפן אַלע זיך באַהאַלטן אין די קעלער.
אָבער וואָס איז מיט די מענטשן געשען? —
אַזעלכע באַשעפענישן האָט נאָך קיינער געזען;
העלפאַנטן מיט לאַנגע נעז,
נאָר אָן עקן ביים געזעס...

דאָס קלינגען פון די קלאָגן און פון די סירענען דאָס פייפן
ווערט אַלץ שטאַרקער, ווי ס׳וואָלט די שטאָט
שוין געברענט פון אַלע פיר זייטן.
און די מענטשן,
מיט די לאַנגע נעז ווי די העלפאַנטן און קיילעכדיקע גלעזעראויגן,
זיינען ווילד געוואָרן,
ווי חיות, ווען דער דזשאַנגל איז אין פלאַמען.
ס׳קנוילן זיך אַלע צוזאַמען.
מאַמעס זוכן זייערע קינדער,
קינדער זייערע מאַמעס.

און מיטאַמאָל — געוואָרן איז פינצטער דער הימל,
ווי באַדעקט מיט היישעריקן מחנות,
וואָס ווערן אלץ גרעסער; אָט זיינען זיי שוין אָדלערס,
טיטאַנישע, שטאָלענע מאָנסטערס
מיט אויסגעשפּרייטע פליגל איבער שטאָט...

זשו־או־או־או... זשו־או־או־או...
ווי קנאַלן פון בייטשן שניידן די באָמבעס
די לופט, צוערשט גרויס ווי באַרנעס...

באַלד דיק און לאַנג ווי קאַוואַנעס...
קראַך!... קראַך!...
ס׳ציטערט די ערד.
(וואָס האָבן גאָז מאַסקעס פאַר א ווערט?)
אין קנוילן רויך און אין פייערפלאַמען,
ווי דער וועזוף, ווען ס׳זעצט צום הימל זיין פלאַקערדיקע לאַווע,
איז איינגעהילט די שטאָט
מיט די מענטשן צוזאַמען.

# עפּילאָג

I

האַלב וואָך און האַלב אין שלאָף.
ניט נאַכט און ניט טאָג.
אין דמיון, צי אין חלום
הערט אוריאל: ווי הינט,
זיך אָפּגעריסן פון קייטן,
וואָיעט דער ווינט.

ער גייט, שלעפּט זיך אין זומפּן,
טאַפּט ווי אין נעפּל, וואָס איז ערגער פון חשכות.
איז ער אין שטאָט? — ער זעט ניט קיין הייזער.
אפשר אין אַ וואַלד? — ער זעט ניט קיין ביימער.
אָדער גאָר אין מיטן אַ פעלד? — וואו איז דאָ גראָז? — — —

גאַל איז די ערד, פאַרלענדט איז דער זאָמען פון איר טראַכט.
אַלץ איז צעשטערט, פאַרברענט, אומגעבראַכט.
דער מענטש —
מיט זיין בלוט פאַרסמטן, בייז האַרץ און אינפאַנטיל־גאַוויש
געהירן —
האָט אין וואַנזין געשאַפן
און אין וואַנזין פאַרניכטעט.

עס שלעפּט אוריאל זיך, דער געוועזענער קלויזניק,
שלעפּט זיך איבער ערד פול קברים,
פול מיט פאַרפוילטע פּגרים.

אָנגעכמורעט זיינען די בערג,
מיט אימה די טאָלן.

עס דערמאָנט זיך אוריאל אָן לעצטן מענטש פון זיין שטאָט,
און לעצטן געלעכטער פון אַ קינד;
ס'איז געווען די לעצטע פרייד פון אַ מאַמען —
אומגעקומען זיינעןביידע צוזאַמען.
דערנאָך איז מיד געוואָרן דער מענטש פון מאָרדן;
זיין לעצטע תאווה איז געשטאָרבן.
און געווען איז אויף חרטה שוין שפּעט —
איז געקומען דער הונגער־טויט, דער טויט אָן כלי זין:
כלערליי מגפות
און דרעשט, וועלכע זיינען נאָך לעבן געבליבן,
געמאָרדעט אין בעט.

פונם לעבן געבליבן זיינען בלויז נאָר סימנים: אַ פאַרזשאַווערט אקעראייזן,
אַ קוימען פון אַ פאַבריק,
אַ צעבראָכן ראָד פון א מאַשין,
רעשטלעך פון אַ בריק,
און וועגן אָן אַ זין.
פון אַ שיף — דעם ברעג ניט געקאָנט דערגרייכן —
דער מאַסטבוים א טרויעריקער צייכן.

האַלב וואָך און האלב אין חלום
זעט דער אמאָליקער קלויזניק: אין אַלע זייטן,
אין מזרח, מערב, צפון, דרום —
האָבן זיך געעפנט די קברים...
עס שלייכט אַ סקעלעט אָן אויגן, מיט געשטשירעטע ציין,
באַלאָדן מיט זעק און מיט פּעק;
שאַרט זיך ווי אַ גנב פאַמעלעך,
און ציילט מיליאָנען פּאַפּירלעך:
„אַ ביליאָן...
אַ טריליאָן”...

ער ציילט און ציילט
און מיט טויט געלעכטער אין טויטער וועלט —
לאכט ער פלוצים און קוועלט:
„כי־כי־כי...
בין ווידער הי"...
מיט גרינער צונג (דער קאָפּ פון א שלאַנג אין זיין שאַרבן)
קושט ער די פּאַפּירלעך (געזאמלט פאַרן שטאַרבן)
און וויינט: „מיין ווייב און מיין קינד...
מיין טאַטע און מיין מאַמע... מיינע שוועסטער און ברידער"...
און ווידער
לאַכט ער מיט זיין טויט־געלעכטער:
„האַ־האַ־האַ...
ווער וויל? — נאַ... נאַ"...

ווי טשאַטעס הונגעריקע הינט
וואָיעט דער ווינט:
הו־או־או...

דער קלויזניק פרעגט דערשראָקן: „ווער איז דאָ? —
איז עמיץ דאָרט?" —

קיין וואָרט.

ס'שפּרינגען מייז,
ווי קעץ די גרויס,
מיט קאַלט־עזותדיקע אויגן און לאַנגע עקן;
קאָנען דעם אומדערשראָקענסטן דערשרעקן.

און ווידער אַ סקעלעט פון אַ קבר,
רירט ניט מיט קיין אבר.
ס'איז אַ מאַמע מיט אַ קינד אין די אָרעמס;
זי גיט עס צו זויגן די ברוסט־ניפּן —
אַ, ווערים צווישן די ריפּן...

שלאַנגען... שלאַנגען... שלאַנגען...
קעץ — ווי הינט די גרויס —
לויפן נאָך די מייז.
און די שלאַנגען —
האָבן צו די קעץ פאַרלאַנגען.

אַ דריטער סקעלעט פון א קבר.
נאָך איינער, נאָך איינער —
פול איז די ערד באַזייט
מיט מתים־ביינער.

און אז אויפגעגאנגען איז די זון
און די ערד איז געווען באַהויכט מיט טוי,
האָט אוריאל, דער זון פון ישעיה,
געזען צוויי מענטשן: אַ מאַן מיט אַ פרוי.
ביידע, ווי די סקעלעטן כמעט,
געזעענע אין זיין דמיון, צי אין חלום,
ביידע אין אַ פלוג געשפּאַנט,
האָבן האַנט אין האַנט,
ווי פערד
געאַקערט די ערד.

„לעבן —
קאָן ניט פאַרניכטעט ווערן",
זיינען געווען אוריאלס לעצטע ווערטער דאַן,
ווען ער האָט ווידער געזען אַקערן די ערד ווייב און מאַן.

בערלין, 1922.